A. Waiter

א. וויטער.

In feier

# אין פייער

א דראמע

אין דריי אקטען.

Wilna

Welt Pub. Co.

פערלאג „די וועלט".

ווילנא.

דרוקעריי ב. א. קלעצקין, ווילנא.

# פערזאנען:

שלמה.
שרה, זיין פרוי.
חנה'קע, די טאכטער.
סימא, דער זוהן.
שלום, דער שוואגער.
רחל'ע, זיין טאכטער.
לעווין, איינזשענער.
דער סוחר, א יונגער מאן.
דער פעלדשער.
דאס דינסט־מיידעל.
צוויי ארבייטער.

# ערשטער אקט.

אַ גרויס צימער; דאָס עס-צימער. ענטקעגען — אַבּרײ-
טע, אַ האַלבּע אַ גלעזערנע טיר צו אַ ווערענדע. מען
זעהט, ווי עס הויבּען זיך אויף אָפּטמאָל פּייערן פון
שייטער-הויפענס: טירען אויף רעכטס און לינקס.
יאָהאַנים-נאַכט. אַמאָל נעהענטער, אַמאָל ווייטער הערט
זיך אַנ'אײנפאַך דאָרפיש-געזאַנג. כמעט די גאַנצע צייט
הערט זיך דער מאָטיוו פון דעם ליעד, וואָס ווערט גע-
זונגען אין דער נאַכט: „אָי ראַנאָ נאַ יאַנאַ" א. ז. וו.
אַמאָל מישט זיך אַריין אַ וואַלס-מאָטיוו.
דאָס געזאַנג הערט אויף נור אין מיטען פון דריטען
אקט.
אויף דער בּיהנע גופא זינגט קיינער ניט. די זמירות
און דאָס בּיעלאָרוסישע ליעדעל ווערט נור געמורמעלט,
ווי א נגון.

שלמה.

(אומגעהענדיג איבערן שטוב, קומט יעדעס מאל צו דער גלעזערנער טיר, הורך װעל־כער עס זעהען זיך די פייערן פון די שיי־טער־הויפענס; זינגט שטיל די זמירות).

המבדיל בין קדש לחול... המבדיל בין קדש לחול...
װעט איהר זעהן מײן װארט. הײנט מאכען זײ א שרפה. אקלײניגקײט דאס איז אין אזא טריקעניש זיך שפּיעלען מיט פײער. זעהט נור װי מען װארפט די האלאװײעשקעס איבער'ן טײך...
המבדיל בין קדש לחול... וככוכבים בלילה...

שלום.

ס'איז דאך ניט שײך.

שרה.

(זיצענדיג בײן טיר).

זאל גאט היטען! אז זײ שפּרינגען איבער'ן פײער, פאלט מיר אײן אין הארצען. א, ס'ארא פײער! זאל גאט היטען...

שלמה.

איום־טוב בײ יודען — סװיענטי יאן! פערברענט זאל דאס װערען...

שרה.

שלמה, שעלט ניט אויף אַ פּוילע וואָך.

שלמה.

יום פּנה כּצל תּומר...

שרה.

גײַה, רחליע, זאָלען זיי זײַן פאַוואָליע מיט פייער.

שלום.

גײַה, טאָכטערל, זאָג זיי...

שלמה.

מען דאַרף ניט, זאָלען זיי טאָן, וואָס זיי ווילען. הפקר... ס'איז אַלץ הפקר.

שלום.

ס'איז דאָך ניט שייך: אַ יום-טוב מיט די ערלים צוזאַמען... און מיט פייער, שפּיעלען זיך מיט פייער, וואָס איז דאָס פאַר אַ דרך, מײַן אַלטע ע"ה...

שלמה.

לאָז צורוה. איך בעט דיר... יום פּנה כּצל תּומר...

שלום.

אַמאָליגע צייטען... אַז דו האָסט חתונה געהאַט מיט מײַן שוועסטער, בין איך שוין געווען אַ בעל-הבית פאַר זיך. געדענקסט, שרה, האָט געפעהלט גרין.

שלמה.

איך בעט דיר, הער אויף. איך ווייס שוין די מעשה, ווי אשרי. שוין ב"ה אַ יאָהר צעהן אַז איך הער זי.

שרה.

שלום, טו עפּיס אַנ'אַרבייט און שווייג... איך בעט דיר, לאָמיר בעסער שווייגען.

שלום.

ס'איז דאָך ניט שייך, שווייגען איז אויך אַ מלאכה...

(פּויזע).

שלמה.

יום פּנה כצל תומר...

שלום, האָסט ניט געזעהן, וואו איז דער סוחר?

שלום.

דער סוחר? ווייס איך זעהר, ער געהט דאָ אום ערגיץ.

שלמה.

דאַרף מען זעהן, וואו ער איז. געה.

שלום.

(געהט, ביים טיר שטעלט ער זיך אָב און קוקט).

שלמה.

יום פּנה כצל תומר...

שלום.

די וועלען טאַקי מאַכען אַ שׂרפה. זעהט, ס'ברענט פייער. אָט איז אַ שקצ'ערײַ!

(אב).

שרה.

זאָל גאָט היטען.

שלמה.

אקרא לאל עלי גומר.

(אז מען דערהערט נעהענטער דאָס געזאַנג פון דרויסען, רײַסט ער איבער).

נו, מען קאָן דאָך קיין יודיש־וואָרט ניט זאָגען!..

(פויזע).

רחל, וואו איז תנהקע? זעה, וואו איז זי!..

רחל׳ע.

(אב).

שלמה.

שׂרה!

שׂרה.

וואָס?

שלמה.

איך דאַרף דיר עפּיס זאָגען...

שׂרה.

נו!

שלמה.

וועסט זיין אַ יודענע, צי ניט?

שׂרה.

וואָס? רעד שוין אַמאָל.

שלמה.

זאָלסט ניט זיין קיין יודענע, וועל איך דיר עפּיס זאָגען.

שרה.

זאָג שוין גיכער, וואָס איז געשעהן.

שלמה.

זעה, זי האָט זיך שוין הערשראָקען... גאָר נישט געשעהן;

(פויזע).

שרה, הערסט, פערברענט זאָל דאָס ווערען. איך וויל, אַז עס זאָל פערברענט ווערען. פערשטעהסט?

שרה.

שלמה, רעד ווי אַ מענש, איך פערשטעה אַ וואָרט ניט.

שלמה.

איך רעד דאָך מיט דיר קלאָרע דבורים. איך וויל פטור ווערען... פון הויף, פון די זאַוואָדען, מיט די אינזשענערען, מיט די אַלע טייוולאָנים, מיט די גויאישע ליעדער, מיט די טענץ, מיט דעם סוויענטי־יאַן... איך וויל פטור ווערען און יוצא. ווי אַ פעטליע איז דאָס מיר אויפ'ן האַלז.

איך קאָן ניט מעהר. ס'איז ניט פאַר אַ יודען אַזאַ געשעפט. אַריינגעפּאַקט דעם גאַנצען אייגענס, ווי אין אַ תהום. אַנ'עסק האָבען זיי, שימע מיט'ן אינזשענער, בויען, כסדר בויען. און מען שלעפּט געלד, ווי זאַמד, אַזוי געלד און אַנדערש געלד, און וועקסלען און נאָך אַמאָל וועקסלען און מען בויט, כסדר מען בויט, און איך הויב ניט אָן צו וויסען. ניט וואָס מען בויט, ניט ווען מען בויט; איך ווייס גור, אַז איך ווער בהלות, אַז איך בין שוין אַני־אביון...

שרה.

שלמה, וואָס רעדסטו?

שלמה.

איך זאָג דיר, בדיל־הדל געוואָרען. זיי טענה'ן, אַז ניט, אָבער איך ווייס. אַזוינע געשעפטען פאַסען פאַר אַ פריץ. אָבער ניט פאַר מיר, פאַר אַ פשוט'ען יודען, ווי שלמה. מען דאַרף פיהרען געשעפטען, אַוודאי; נאָר איך דאַרף זעהן דעם ריוח, איך דאַרף איהם זעהן. אָט דאָ, אין בוזעם־קעשענע דאַרף איך דאָס האָבען, אַז עס זאָל זיך קעהרען קאָן זיך גאַנץ גוטע פרנסה האָבען אַנדערש איך. דאַרף איך דאָס הערען, אַז עס זאָל זיך קעהרען אַוועלט: אינזשענערען און אַרבייטער, איינמאָל אַרבייטער און נאָך אַמאָל אַרבייטער און געשעפטען מיט פויערים און מחלוקת מיט זיי און אַז גוט־פרייגד איז נאָך ערגער — אָ, ווער מיר געשעהן... שלמה זאַבאָלאָויער דאַרף ניט אַזוינע געשעפטען. איך וויל ניט, אַז מען זאָל מיר מקנא זיין.

רחל'ע.

(שטיל אַריינגעהענדיג).

איך ווייס ניט, פעטער, וואו זי איז. זי איז דאָ געווען ניט לאַנג.

שלמה.

געווען ניט לאַנג. גאַנצע נעכט שלעפט מען זיך דאָס אום... גען... זוך זיך אויס אַנ'אַרבייט.

רחל'ע.

(גיט ווילענדיג, אָב).

שלמה.

אַ שמילינקע, אַ צדקנית...

נו, און מיט זיי, למשל, וואָס טוט מען דאָ, פרעג איך דיר. ס'איז דאָך פּשוט אַ סכּנה. ס'איז דאָך ניט אויסצוהאַלטען, ס'איז דאָך אַ בזיון. אָט די, די קליינע, איז כּסדר, דער טייוועל ווייס, מיט די גוים און ווייס איך מיט וועמען. און חנה'קע איז ניט בעסער. אַז עס קומט דער זומער און זי קומט צופאָהרען, פלאַמט דאָך דאָס פּנים. ניטאָ קיין בושה, ניטאָ קיין זאַך — הפקר. הפקר אַ וועלט און יוצא. האָט מען זיך פאַר־אַ־יאָהרען אומגעשלעפּט מיט'ן פּריץ'ס גאַסט... געדענקסט, איך וויל פון מי'ן מויל ניט אַרויסברענגען, וואָס עס האָט זיך דאָ דעמאָלסט אָבגעטאָן... מיין ניט, איך זעה אַלץ און פערשטעה. דאָס איז דאָך שוין גאָר... אַז עס האָט דאָך שוין גאָר קיין נאָמען ניט. און איצט האָט זיך אָנגעהויבען אַ סדרה מיט'ן אינזשענער. עס וועט ווידער... נאַ!.. אַז עס איז קיין ווערטער ניטאָ, אַז יודען ווייסען גאָר ניט, ווי מען רופט דאָס.

שרה.

שלמה, וואָס קלערסטו אוים?

שלמה.

הערסט, שרה, געגוג! איך ווייס און דו ווייסט. איך ווייס, אַז דו ווייסט אויך. דו ווייסט אַלץ, ווייסט נאָך אפשר מעהר פאַר מיר. אַ מאַמע ווייסט. אלא וואָס, דיר טוט וועה, טוט מיר אויך וועה...

שרה.

שלמה, שלמה!..

שלמה.

נישטאָ מעהר קיין כח צו דערליידען. פערברענט זאָל דאָס ווערען.

(פויזע).

הערסט, שרה, דערצעהלען דארף איך דאָס דיר, ווייל אין מיט'ן נאַכט קאָן מען זיך דערשרעקען און ווייס איך וואָס נאָך. פערשטעהסט, היינט ביי נאַכט ווערט דאָס אַליץ פערברענט, הערסט?

שרה.

שלמה!!

שלמה.

און געגוג... אַ פּיפּס ניט. שימע וויים און מעהר קיינער ניט. הערסט, געגוג, אַ פּיפּס ניט!..

שרה.

ביסט משוגע!

שלמה.

געגוג! זיי ניט קיין נאר — פערסארירט!.. און יוצא. מעהר אַ פּיפּס ניט... היינט ביי נאַכט... און יצא... וויינסט גאָר, טאָ געה אַוועק, עס וועט נאָך ווער אַריינגעהן... געה אַוועק, איך בעט דיר.

שרה.

טרייב ניט, שלמה, זיי ניט אַזוי צוטומעלט. פאָלג מיר, שלמה, בעטראַכט זיך...

שלמה.

אָ, ביסט אַ יודענע.

שרה.
(אָב אויף לינקס).

סימא.
(קומט אַריין פון דער וועראַנדע).

שלמה.
(אומגעהענדיג).

יום פנה כצל תומר...

סימא.

פאָטער!..

שלמה.
(מאַכט זיך ניט הערענדיג).

אקרא לאל...

סימא.

פאָטער!..

שלמה.

אמר שומר, אתא בוקר...

סימא.

פאָטער, איך בין ניט מסכים!..

שלמה.
(בלייבט איהם שטעהן ענטקעגען).

וגם לילה... ביסט ניט מסכים?..

סימא.

פאָטער, איך וועל ניט לאָזען!..

שלמה.

ווייסט, וואָס דו רעדסט. וואָס הייסט דאָס, דו

וועסט ניט לאָזען? וועסט מסר'ן?

ס י מ א.

פּאָטער, מען טאָר ניט. ביזט דאָך אַ פרומער יוד, טאָ וואו איז דיין בל תשחית. איך פרעג דיר, פאָטער, וואו איז דיין פרומקייט? נעהמען אומברענגען, וואָס מען האָט אזוי פיעל יאָהרען געבויט, וואָס מען האָט קלאָץ צו קלאָץ געשלעפּט, ציגעל מיט שווייס גענעצט, אומברענגען — אַרבייט!..

פוסט איז דאָך דאָ געווען, מעהר ניט אָט דער אַלטער פּאַלאַץ דעם פּריצ'ס איז דאָ געשטאַנען איינגעהויקערט איבערן טייך. אַ גאַנצע געגענד האָט געהונגערט. זענען מיר געקומען, בויער זענען געקומען און דאָס פערוואָרפענע ווינקעל האָט אויפגעלעבט; אויפגעוועקט אַ טייך און געלאָזען אַרבייטען, געביידעס געבויט...

ש ל מ ה.

סימא, שריי ניט — דו הערסט צי ניט!

ס י מ א.

איך שריי ניט...

געדענקסט, איך בין געקומען פון אוניווערזיטעט, ניט געענדיגט און דו האָסט גע'טענה'ט: אַ תכלית, וואו איז דער תכלית. האָב איך דיר געזאָגט, אַז איך בלייב דאָ, אַז איך וויל אַרבייטען, זיך און אַנדערע בערעכטיגען. קאָנסט מיר זאָגען, אַז איך האָב ניט געאַרבייט. איך האָב כסדר געאַרבייט, געשאַפען. און איצט, אַז עס איז שוין עפּיס אויסגעוואַקסען, אַז אַ יודישע פאַמיליע האָט מיט די אייגענע הענד געבויט און אויסגעבויט, קומסטו, קומסטו... פּאָטער, איך וועל ניט לאָזען!..

שלמה.

אַז איהר האָט מיר בדלות געשטעלט!

סימא.

ביזט רייכער געוואָרען!

שלמה.

אַז איך וויל ניט אַזאַ רייכקייט!

סימא.

אַז איך וויל אָבער קיין אַנדערע ניט.

שלמה.

איז ווי דו ווילסט זיך. איך קאָן אַזאַ געשעפט ניט פיהרען... איך קאָן אַזאַ לעבען ניט לעבען...

סימא.

פאָטער!..

(דערהערענדיג, אַז עמיץ געהט, רייסט ער איבער).

שלום.

(אַריינקומענדיג פון דער וועראַנדע).

דער סוחר וויל אַוועקפאָהרען.

שלמה.

וואָס... וואָס הייסט ער וויל אַוועקפאָהרען...

שלום.

ס'איז דאָך ניט שייך, ער איז דאָך ניט דורכגעקומען.

שלמה..

רעד ווי אַ מענש! וואָס הייסט ניט דורכגעקומען.

מיט וועמען ניט דורכגעקומען?

סימא.

דאָס האָב איך איהם געהייסען אַוועקפאָהרען!

שלום.

ער זאָגט, ס'איז דאָך ניט שייך, אַז דער יונגער הערר, סימע, הייסט דאָס, איז ניט מסכים.

שלמה.

ווער איז עלטער, סימא? סימא, ווער איז דאָ דער בעל-הבית?..

(צו שלום'ן).

וואו איז ער... דער סוחר?

שלום.

ביין טייך... מיט די שיקסעס... אַ פרעהליכער יוד, בנאמנות...

שלמה.

(האַסטיג אב).

שלום.

וואָלסט זעהן, ווי ער טאַנצט מיט די... גויעס. אַ פרעהליכער יוד. פאַר וואָס ווילסטו דאָס מיט איהם ניט האַנדלען, האַ?

סימא.

פעטער, ס'אַדאַנקה אייך! איהר מישט זיך דאָך ניט צום זאַוואָד.

(ווי צו זיך אַליין).

אַז איך וויל מיט איהם ניט האַנדלען, איז מסתמא דאָ אַ סבה דערצו. ס'אַדאַנקה אייך, פעטער.

וואָס האָב איך אַייך געדאַרפֿט זאָגען?.. אַ!..

שלום.

ס'איז דאָך ניט שייך, נאָר אַז עס איז עפּיס מאָדנע. שלמה לויפֿט אום פון אַיין ווינקעל צו דעם אַנדערען, די לויפֿסט אום, שׂרה איז פערוואונדערט. עס טוט זיך עפּיס דאָ, איך ווייס ניט וואָס...

כ'מיין, דאַרטען, זאָגט מען, הלולא וחנגא, און דאָ איז עפּיס אַנ'ערב תּשעה באב...

ווער שושקעט זיך דאָ אַרום די טירען.

(הערט זיך צו ביי די טירען אויף רעכטס און לינקס. פּויזע).

שלעכט, עפּיס גאָר שלעכט... עצבות! אויף אַ פּולע וואָך עצבות, איז דאָך ניט שייך... אַז דיין טאַטע האָט חתונה געהאַט מיט דיין מאַמען, מיט מיין שוועסטער, בין איך שוין געווען אַ בעל־הבית פאַר זיך. האָט געפעהלט גדן. זאָגט מיין טאַטע ע"ה...

סימא.

פעטער, לאָמיר שווייגען, לאָמיר בעסער שווייגען.

שלום.

שווייגען איז שווייגען, סאיז דאָך ניט שייך. נו, רעכט, לאָמיר שווייגען.

(פּויזע).

(אומגעהענדיג, געפינט ער דעם אָפענעם סדור אויפ'ן טיש).

המבדיל בין קדש לחול...

שימע, שימע. אָרליק האָט אָנגעהויבען הינקען.

סימא.

אָרליק?

(כאַפּט זיך בײַן בוזעם-טאַש, נעהמט אַרױס אַ טעלעגראַם).

יאָ, פּעטער, מען דאַרף שיקען צום באַהן אַ פּאָר פּערד. צום עלף-אַ-זײגערדיגען באַהן. עס דאַרף קומען... אַ גאַסט. אָבער הײסט שױן אײַנשפּאַנען, פּעטער.

שלום.

װילסט איך זאָל אַװעקגעהן, נו, מהיכא תיתא. ס'איז דאָך ניט שײך, געה איך.

סימא.

פּעטער, לאָזט צורוה. דער טײַװעל אַלײן דרעהט זיך דאָ הײנט אַרום. דעם טאַטענס סוחר, דער שװע-סטערס גאַסט.

(װאַרפט מיט כעס דאָס טעלעגראַם אױפ'ן טיש).

װײס דער טײַװעל, װאָס דאָ טוט זיך.

שלום.

האַרציגע, ליבינקע, װאָס טוט זיך דאָ.

(געהענדיג טרעפט זיך אין דער רעכטער טיר מיט רחל'ען).

רחל'ע, װאָס דרעהסטו זיך דאָ אונטער די טירען...

רחל'ע.

גאָר נישט, איך געה דאָס...

(געהט שטיל דורכ'ן שטוב און בלײַבט שטעהן בײַ דער גלעזערנער װעראַנדע; זינגט שטיל).

אָ' ראַנאָ נאַ יאַנאַ

פּאָשלאַ ציגאַניאַ נאַ קירמאַש,
פּאָשלאַ ציגאַניאַ טאַנצאָוואַץ.
סימא, ס׳אַ דאגה דיר, ס׳אַ דאגה... וואָס אַרט דאָס דיר.

ס י מ א.

וואָס?

ר ח ל ' ע.

איך וויים אַליץ. מיט שטילע טריט גייה איך און הער אַליץ. אַ שטילינקע בין איך און וויים אַליץ. זאָלען זיי צינדען, ס׳אַ דאגה דיר... זאָלען זיי צינ־דען... גייה אַוועק פון זיי, סימא, גייה אַוועק ווייט, ווייט פון דאַנען. אָהעם איז דאָ, גרוי; זאַמדען, אַזוינע הוילע, ווי פּליעכעס (פּויזע)... אָט וואו מיר האָבען אַמאָל געוואוינט, אַז די מאַמע האָט געלעבט און דער טאַטע האָט געהאַט וועלדער. בוי־מער זענען דאָרטען געשטאַנען הונדערט־יאָהריגע און די הימלען אונזערע זענען געווען העלע און אזוי העל און טיעף איז זייער בלויקייט געווען, אַז דער בליק פלעגט זינקען אין זיי און ניט קענען איינזינקען. און טייכען ברייטע און רוישענדע זענען דאָרט, וויל ניט ווייט פון אונז איז שוין דער ים געלעגען... נאָר איך האָב קיינמאָל דעם ים ניט געזעהן.

ס י מ א.

רחל׳ע!..

ר ח ל ' ע.

ביזט פערוואונדערט, סימא! די שטילינקע האָט זיך פונאַנדערגערעדט... נאָר אַזאַ נאַכט איז היינט, אַ פייער־נאַכט. שכור ווערט מען פון איהר, רעדעוו־

דיג ווערט מען... געהט אום אַ קליין=יודיש מיידעלע, מיט פייכטע אויגען שוואַרצע און טראַכט אין דער שטיל: ווייסט קיינער ניט פון וואָס זי טראַכט, ווייסט קיינער ניט די פערבאָטענע מחשבה'לעך, וואָס אַ שטיל יודיש=מיידעלע וועבט. יודען טאָרען דאָס ניט, יודען דאַרפען דאָס ניט. אַזוי האָט מיר מיין מאַמע געבאָטען... געהט עס אום אַליין, שטערבליך=דורשטיג איז עס; נאָגט דאָס האַרץ נאָך עפּיס, גיסט זיך די נשמה אויס. געהט עס אום אַליין: די אויגען פייכט, די ליפּען טרוקען... און קומט די נאַכט, ווערען אַזש שווער די האָר אויפ'ן קאָפּ, ווערען די גליעדער מיד, מיט אַ מאָדנער מידקייט ווערען זיי מיד. און אַז איך שלאָף איין אַזוי און צעוואָרפען ליג איך און די שוואַרצע האָר צושאָטען, ווייס איך, ליגט אַ חן אויף מיר, ליגט אויף מיר אַ כשוף=חן, ווערט מיין מיאוס=פנים שעהן און עס וואַרט דער שענקייט=חן אויף עמיצען; קומען זאָל ער, זעהען זאָל ער דאָס שטילע יודיש=מיידעל, וואָס וואַרט אויף איהם, וואָס בענקט נאָך איהם... קומען זאָל ער, זעהען זאָל ער, ביין איינזאַמען נאַכט=געלעגער זיין זאָל ער... קומט ער ניט...

ס י מ א.

רחל'ע, איך בעט דיר... ווייסט דאָך, וואָס דאָ טוט זיך היינט... קומסטו און ביזט אַזוי... איך ווייס אויך ניט, ווי... וואָס איז דאָס מיט דיר, רחל'ע?

ר ח ל ' ע.

וואָס איז דאָס מיט מיר? ווילסט וויסען? ווייסט ניט? פאַר וואָס ווייס איך אַלץ און דו ווייסט ניט. פאַר וואָס ווייס איך, ווען דו האָסט ליעב, פאַר וואָס ווייסטו ניט, ווען איך... פערפלאָנטערט זיך,

סימא, פֿון צופּיעל וויסען. אָט וויים איך, אַז דו האָסט ליעב חנה׳קעס הבֿר׳טע, וואָס איז דאָ געוועזן, און איך וויים נאָך, אַז זי האָט דיך ניט ליעב...

**סימא.**

פֿון וואַנען ווייסטו דאָס?

**רחל׳ע.**

אָבער אֶמת? זאָג, ס׳איז אֶמת?

**סימא.**

ניין, ניט אֶמת.

**רחל׳ע.**

ווייסטו ניט. אַזוינע האָבען ניט ליעב. אַזוינע קאָנען ניט ליעב האָבען.

**סימא.**

וועלכע? אַזוינע?

**רחל׳ע.**

אַזוינע...

**סימא.**

וועלכע? פֿאַר וואָס?

**רחל׳ע.**

איך וויים ניט.

(פּויזע).

פּאָשלאַ ציגאַניאַ נאַ קירמאַש,
פּאָשלאַ ציגאַניאַ הוליאַטי...

סימא, פֿאַר וואָס זעהסטו מיך ניט. אזוי לאַנג ווי איך געה אום אַרום דיר און דו זעהסט מיך ניט. איך איין שטוב זענען מיר און מיינע אויגען

װוּכען דיך און געהען־נאָך נאָך דיר. פֿאַר וואָס קומען פֿרעמדע, וואָס דאַרפֿען דיך ניט, און איך וואָס וואַרט אויף דיר, אַ יונג פֿרוי, וואָס וואַרט אויף דיר אַזוי לאַנג, איך האָב דיר ניט. ווייסט ניט א פּנים, אַז איך האָב דיך ליעב, איך האָב דאָס דיר שוין ניט געזאָגט, אַ פּנים... און דו זעהסט מיר ניט!..

סימא.

ווייסט דאָך, דאָס האַרץ טוט וועה, אַז דו געהסט אום אַזוי, אַנ'איינזאַמע, אַ שווייַגענדיגע, נאָר וואָס קאָן איך טאָן, רחל'ע?..

פֿאַר וואָס הייַנט מיט אַמאָל ווידער? האָסט דאָך שוין פֿערגעסען, פֿאַר וואָס ווידער?

רחל'ע.

אַ נאַכט אַזאַ, ליעבינקער! הײנט ברענט זיך דאָ אַלײן, דייַן טאַטע צינדט; דייַן אַרבייַט פֿערברענט ער. צו חנה'קען קומט איהר גאַסט... און אַזאַ חייסע נאַכט מיט פֿייַערען... וואַכט דאָס אויף. געשוויגען אַזוי לאַנג און געוואָלט נאָך לענגער שווייַגען. קאָן איך ניט...

סימא, ליעבינקער, פֿאַר וואָס האָסטו מיך ניט ליעב? זאָג, אפֿשר ווייסטו פֿאַר וואָס?

סימא.

רחל'ע, איך ווייס ניט.

רחל'ע.

פֿאַר וואָס ווייסטו ניט? עס וואָלט גרינגער געווען...

אָי ראַנאַ, נאַ יאַנאַ...

געוואַכט אויף דיר, אויפ'ן אײנציגען, נעכט געוואַכט, לאַנגע איינזאַמע פֿרויען־נעכט, און געקומען

צו דיר, אַ יונג פֿרוי געקומען צו דיר. ווילסט ניט? ווילסטו ניט מיין ערשטער זיין? סימא, דער ווי- פֿיעלטער ביסטו ביי יענער?

סימא.

(שטרענג).

רעד ניט אַזוי.

רחליע.

אָ, מורא האָט סימא צו וויסען, דער וויפֿיעל- טער איז ער ביי איהר, מורא האָט סימא צו וויסען...

(געהט שטיל אַרויס, זינגענדיג).

פּאָשלאַ ציכּאָניאַ הוליאַטי...

סימא.

אָט איז אַ נאַכט.

(אב).

לעווין.

בּויען, נאָר בּויען. די איינציגע רפֿואה דאָס איז.

חנה'קע.

יא, דאָס פֿערשטעה איך.

לעווין.

געלד — דאָס פֿערמעגען יודען. סוף כל סוף זענען יודען רייך. נאָר יודען האָבען דאָס געפֿיהל פֿון אייגענטום און האָבען אַבּסאָלוט ניט דאָס געפֿיהל פֿון ווערטהען. דאָס פֿערמאָגט אַ בּויער, אַ שאַפֿענ- דער. בּיי אונז איז דאָס אויסגעלאָשען געוואָרען... אָדער אויסגעבּרענט.

חנה׳קע.

אויסגעלאָשען. ביי אונז האָט דאָס פֿראָסט געצאַנקט, געדרויכערט און אויסגעלאָשען געוואָרען. ווילט איהר עס אויפֿסניי אָנצינדען?

לעווין.

מיר — אַ גאַנצער דור. איינצעלנע, אָבער דאָך אַ דור.

נאָך אַפֿילו מיט צוואַנציג יאָהר צוריק, אַז אַ יוד פֿלעגט האַלטען אַ הויף, האָט ער דאָרטען געהאַנדלט: ניט געבויט. און איצט זעהט — וואָס טוט סימא? ליעב, פֿידיש ליעב האָט ער יעדען בוים, וואָס ער זעצט, יעדען בנין, וואָס ער בויט...

חנה׳קע.

ווייסט, מיין זיידען האָט אַ פֿריץ גערופֿען צו זיך אין 63 יאָהר און געוועלט איהם פֿאַר עפּיס אַ קלייניגקייט, פֿאַר גראָשענס, פֿערקויפֿען איינעם פֿון זיינע בעסטע הויפֿען. האָט זיך דער זיידע אָבגעבעטען. וואָס דאַרף אַ יוד אַ הויף. האָבען וועלדער בעדאַרף אַ יוד.

לעווין.

מיר דוכט זיך שטענדיג, אַז אויב עס האָט דעמאָלט עמיץ יאָ געבענקט נאָך בויען, האָבען דאָס יודישע יונג־פֿרויען געבענקט. דורות־לאַנג האָבען זיי געבענקט נאָך דעם בויער, נאָך דעם מאַן. און אפֿשר דעריבער פֿלעגען זיי אונז אַזוי אָפֿט פֿערלאָזען און אַוועקגעהן צו פֿרעמדע...

חנה׳קע.

זיי בענקען איצטער ניט וועניגער... יודישע יונגפֿרויען... זיי דערצעהלסט? יונגפֿרוי־

ען יודישע פֿלעגען אין ווייסען אַרויסגעהן ביי נאַכֿט אין די גערטנער פֿון ירושלים און טאַנצען... געדענקען מיר מסתמא די נאַכֿט-הימלען, וואָס זענען דעמאָלט איבער ירושלים געהאַנגען, אונבעוואוסט געחענקען מיר זיי... ציהט אונז — אָט — צו די פֿייערען פֿון דער יאָהאַנים-נאַכֿט, צו די שייטער-הויפֿענס, אַרום וועלכע עס טאַנצען, ווי איהר רופֿט זיי, פֿרעמדע. און אַזוי איז דאָס, דוכֿט זיך, עהנליך אויף יענע נאַכֿט, אויך די ווייסע קליידער פֿון די יודישע טעכֿטער אַמאָל און דאָך ניט עהנליך. אַזוי לאַנג איז דאָס געווען, אַזוי פֿערגעסען און דאָך ניט אינגאַנצען פֿערגעסען. צו יונגע קינדער פֿון אַנ׳אַלטען פאָלק זענען מיר. בענקען מיר, זוכען מיר און געפֿינען זיך קיין אָרט ניט. די גראָהע האָר פֿון אַנ׳אַלטען פאָלק...

לעווין.

ניט איינמאָל זענען שוין די גראָהע האָר פֿון פאָלק שוואַרץ געוואָרען, יונג-שוואַרץ געוואָרען.

חנה׳קע.

דאָס קאָן זיין, דאָס קאָן זיין.

(פּויזע).

דיינע האָר קאָנען אויך יונג-שוואַרץ ווערען. דאָס פֿערשטעה איך אויך.

לעווין.

אויב די ווערסט וועלען...

חנה׳קע.

איך... איך וויל כמעט.

לעווין.

כמעט — וועט ניט העלפֿען. כדי אַ נס זאָל מיט

גראָהע האָר געשעהען, דאַרף מאַן אינגאַנצען װע־
לען, דאַרף מען שטאַרק װעלען.

חנה׳קע.

דו װייסט דאָך, איך קאָן ניט שטאַרקער. װיל דו...

לעװין.

ביידע דאַרפען.

חנה׳קע.

טאָ נעהם דו און בלאָז איין דאָס פייער, נעהם
דו און גויט מיך, היים מיר. דו ביסט שטאַרקער.

לעװין.

זעהסט דאָך, דאָס קאָן איך ניט.

(פויזע).

חנה׳קע.

דוכט זיך מיר, אז סימא װערט אויך גראָה. ביי־
דע בויער. דו און סימא...

לעװין.

מיר אַרט ניט פאַר מיינע גראָהע האָר. איך
פיהל זיי ניט.

חנה׳קע.

זיי קליידען דיר...

(פון דער װעראַנדע קומען אַן שלמה און
דער סוחר).

שלמה.

...און יוצא.

דער סוחר.

יוצא איז יוצא.

שלמה.

(צו חנה׳קען).

וואָס צולעגט מען דאָס דאָ אַזעלכע פֿייערן. עס קאָן דאָך ווערן אַ שׂרפֿה.

חנה׳קע.

ווען מען פֿערלעשען.

שלמה.

אַ בריה... און איהר אויך, פֿאַניע אינזשענער, איהר העלפֿט דאָס. אייערע בנינים וועלען דאָך אויך אָפּברענען.

לעווין.

וועלען מיר אויסבויען נייע.

שלמה.

זעהט נור, ס׳אַרא מאמינים. איינע וועט לעשען, דער אַנדערער וועט אויסבויען נייע. נו, אדרבא...

(צום סוחר).

איז ווי מיינט איהר, לוינט דאָס צו צאָהלען אַזאַ מקח?

דער סוחר.

אַז עס שטייגט, איז דאָך, ווי אייער שוואָגער זאָגט, ניט שייך. אַ בעל-דבֿרן אַ יוד. געזעהט מיר נאָך און דערצעהלט מיר אַ מעשׂה די לענג ווי דער גלות און אין סאַמע מיטען דער מעשׂה דערמאָהנט ער זיך: „יאָ, איז וואָס בין איך אויסען געווען צו זאָגען: ר׳ שלמה רופֿט אייך" אַ ניין-מאָס-רעדיגער יוד. „ס׳איז דאָך ניט שייך" - אַ גוט ווערטעל בנאמנות... מיין איך, אַז עס לוינט צו צאָהלען, וואָרום אַז עס שטייגט, איז דאָך ניט שייך. און ווי מיינט איהר?

(פון דער וואָרגראַגדע קומט אָן צוריק סימא, פון טיר אויף לינקס — שלום).

שלום.

שוין די פערד אַוועקגעשיקט.

שלמה.

וואָסערע פערד?

שלום.

פערד צום באַהן, נאָך אַ גאַסט.

שלמה.

וואָס פאַר אַ גאַסט.

סימא.

צו חנה'קען אַ גאַסט.

חנה'קע.

צו מיר — אַ גאַסט?

סימא.

אָט... (דערלאַנגט איהר דאָס טעלעגראַם פון טיש).

חנה'קע.

(האָט קוים דורכגעלעזען, ווערט אָבהענדיג, דאָס פאַפירעל פאַלט פון האַנד אַרויס, פאַלט מיד אויף אַ שטול, אויסשרייענדיג) אָ!..

(אַלע פאַלען צו צו איהר אין טומעל).

שלמה.

אָט איז עסקים!

פאָרהאַנג.

# צווייטער אקט.

הינטער'ן הויז, אויפ'ן בערגיגען ברעג פון טייך. וועגעלעך צווישען די בוימער. א לאנגער באנק. נעבען איהם א שייטער-הויפען. ברענט שוואך. די זעלבע נאכט.

דער סוחר.

...פון גאָר דער וועלט... אָבער אַ וואוילער יוד, אויף מיין עהרען־וואָרט.

רחל׳ע.

(לאַכט) אַ וואוילער יוד!.. און האַנדלען האַנדעלט איהר, ווי האָט איהר געזאָגט? — מיט אַש? מיט ארץ ישראל־אש?

דער סוחר.

טסס... פראָסט מיט אש... פעסטע פרייזען אויף אש, פריילין.

רחל׳ע.

אַזוי? אַ מאַרק, אַ גוטער? מאַכט איהר אש. פון וואָס?

דער סוחר.

פון אַלץ, פריילין.

רחל׳ע.

פון פרויען־הערצער אויך?

דער סוחר.

אָ, ניט אַלע מאָל, ניט אַלע מאָל. די ברענען ניט. אייער האַרץ — פריילין?

רחל׳ע.

שוין צובּרענט. פעסט די פרייזען אויף אַש, זאָגט איהר, איז שוין צוברענט.

דער סוחר.

האָב איך, הייסט עס, פֿערשפּעטיגט?

רחל׳ע.

נייך, צו דער רעכטער צייט, צו דער סאַמע רעכ־
טער צייט...

(פּויזע).

פּאָשלאַ ציכאָניאַ טאַנצאָ אַך,
פּאָשלאַ ציכאָניאַ הוליאַטי...

נו, וואוילער יוד, זענט אַ וואוילער יוד און פֿער־
ריכט דאָס פֿייער. איהר קענט דאָך דאָס.

דער סוחר.

וואָס קען איך?

רחל׳ע.

זיך בעגעהען מיט פֿייער.

דער סוחר.

פֿון וואַנען ווייסט איהר!

רחל׳ע.

איהר זאָגט דאָך.

דער סוחר.

איך זאָג: מיט אַש.

רחל׳ע.

און מיט פֿייער? קיין גרויסער בעל־סוד זענט
איהר ניט, נאָר איך ווייס אָהן אייך אויך.
נו, צינדט זשע, צינדט זשע.

דער סוחר.

אַ פֿערשיט־מיידעל זענט איהר.

רחל׳ע.

גערעלט דאָס אייך?

הער סוחר.

און אייך — מיין צינדען.

רחל׳ע.

הייגט — יאָ. היינט געפעלט דאָס מיר זעהר. איהר אַליין געפעלט מיר אויך.

הער סוחר.

איהר מיר — נאָך מעהר.

רחל׳ע.

אַזוי? נאָך מעהר? איהר געפעלט מיר זעהר — היינט.

הער סוחר.

איז גענוג. מאָרגען וועל איך שוין דאָ ניט זיין.

רחל׳ע.

איך ווייס... איינפאַך און פראַקטיש; געקומען אַ סוחר האַנדלען. האָט אָבגעבערענט, פאָהרט ער אַוועק.

זאָגט מיר — טאָמער כאַפּט מען אייך — ביי דער אַרבייט?

הער סוחר.

טסס... פון וואַנען ווייסט איהר דאָס? — מיך כאַפּט מען ניט. ווער וועט דאָס מיך כאַפּען?

רחל׳ע.

אפשר, סימא?

דער סוחר.

ווער? דער יונגער?

רחל'ע.

יאָ, אפשר ער?

דער סוחר.

נו, מיך כאַפּט מען ניט. איך כאַפּ אַנדערע. איך, למשל, געכאַפּט.

רחל'ע.

נאָך ניט געכאַפּט, נאָר שוין אַזוי גוט, ווי גע־כאַפּט. האַלט שטאַרק... ווייזט אייערע אַ האַנד... אָ, ס'אַראַ הענד, ס'אַראַ מיאוסע הענד, קלעפּעדי־גע, פּעכיגע... אַלייט אַ יוד זענט איהר, אַז איהר האָט אַזויגע הענד. נו, בויגט צונויף... אָהאָ, רעכ־טע מוסקולען. געהמט מיך אַרום – ניט מיטביידע – מיט איין האַנד, אָבער שטאַרק, שטאַרק, נאָך שטאַרקער... אָ!..

(אָב).

דאָס דינסט־מיידעל.

אַלע מאַדאַמען זענען שלעכטע. ס'איז אַפּנים דאָ גוטע...

דער פֿעלדשער.

איהר זענט אַ גוטע?

דאָס דינסט־מיידעל.

ווי פאַר ווע מען? וואָס איז – איהר דאַרפט מיין גוטסקייט?

דער פֿעלדשער.

אַוודאי.

(פּויזע).

דאָס דינסט־מיידעל.

ס'איז עפּיס שטיל געוואָרען, אַ וואונדער. זיי דרעהען זיך דאָ אום כּסדר מיט די שיקשעס. פֿע!

דער פֿעלדשער.

פּסס... אַ צנועה! און יאַסקע?

דאָס דינסט־מיידעל.

יאַסקע? יאָ, יאַסקע! אויף טישצע כּפּרות דאַרף איך איהם.

דער פֿעלדשער.

איהר דאַרפֿט איהם ניט און ער קומט... אַ וואונדער!

דאָס דינסט־מיידעל.

וואָס האָט דאָס אָבער צו איך. כ'לעבען, ס'איז מיאוס אַזוי צו רעדען מיט אַ פֿריילין.

דער פֿעלדשער.

נעהמט ניט פֿאַר אומגוט.

דאָס דינסט־מיידעל.

אַ געבילדעטער מענש, אַ פֿעלדשער, און ווייס ניט קיין דאַמען־רעכט...

דער פֿעלדשער.

ווייס איך טאַקע יאָ, איהר מעגט מיר גלויבען.

דאָס מיידעל.

יאָ, גלויב איך. מען קאָן מושצינעס גלויבען...

דער פעלדשער.

מיר מעג מען.

דאָס מיידעל.

טאַקי געפונען דעם צדיק.

דער פעלדשער.

צו וואָס דאַרפט איהר צדיקים.

דאָס מיידעל.
(לאַכט)

אויף כפרות.
(פויזע).

דער פעלדשער.

אָט איז אַ נאַכט. אין אַזאַ נאַכט איז דאָס בלוט זודיג.

דאָס מיידעל.

ווי זידט דאָס בלוט — ווי אין אַ טאָפּ?

דער פעלדשער.

ווי זידט דאָס? אַז מען האָט גרויסע היץ, זידט דאָס, ביי איך זידט ניט?

דאָס מיידעל.

פרובט, הערט אויס...
(ביידע אָב).
(לענגערע פויזע).

חנה׳קע.

איך בעט דיך, אויב דו קאָנסט, פערגיעב.

לעווין.

וועמען? דאָס ערגסטע איז, וואָס קיינער איז ניט שולדיג, אַלטע, הונדערטיאָהריגע זינד – ניט אונ־זערע, נאָר בעשטראָפט ווערען מיר...

חנה׳קע, וואו איז דער אונמיטעלבאַר־שולדיגער? איך דאַרף איהם...

חנה׳קע.

איך ווייס ניט, איך ווייס אַליין ניט. געווען עפּיס אַ טייערס, אַ נויטיגס און צורונען. און איין נאַכט צורונען. געווען און ניטאָ.

לעווין.

צוליעב איהם?

חנה׳קע.

ניין, ניין... ניט צוליעב איהם...

געדענקסט, איך האָב דיר דערצעהלט וועגען איהם און געזאָגט, אַז קומט ער צוריק, פערלאָז איך דיך... איך האָב דעמאָלט ניט געוואוסט, וואו ער איז, און ניט געמיינט, אַז ער איז ערגיץ דאָ נאָהענט און זוכט מיך און וויל צו מיר... ווייסט דאָך, אַז פערלאָזען האָט ער מיך...

און זאָגען דיר דעם אמת?..

לעווין:

זאָג, חנה׳קע, איך בעט דיך. עס דוכט זיך מיר איצט, אַז איך בין פּלוצלונג בלינד געוואָרען. אַ געדיכטע נעץ אויף די אויגען און איך פערשטעה גאָר נישט... זאָג אַליץ, דערצעהל.

חנה'קע.

גאָרנישט, ליעבער. איך בעט דיך פערגיעב. נאָר דו ביסט אַזאַ, אַז איך וויל ניט עס זאָל בלייבען צווישען אונז כאָטש עפּיס ליגען; דערצעהל איך דיר אַלץ: אויגען האָסטו זיינע!.. און נאָך גאָר ניט לאַנג פלעגט זיך מיר דוכטען אַמאָל, אַז ניט דו נעהמסט מיך אַרום...

לעווין.

אַ?..

חנה'קע.

הויבסט מיך אָן פיינד צו האָבען... ליעבער, מען דאַרף דאָס ניט. אָדער... האָב מיך פיינד, האָב מיך פיינד שטאַרק, גיפטיג.

לעווין.

חנה'קע, דערצעהל.

חנה'קע.

דערצעהלען? — איך האָב געוואוסט, אַז ער וועט קומען צוריק און געוואַרט, אַזוי געוואַרט. אַמאָל אַז עס פלעגט זיך מיר דוכטען, אַז ער איז דאָ נעבען מיר, פלעגט מיר אַ תענוג־קעלט איבערלויפען איבערן האַרץ און דעם אָטהעם פערכאַפּען. דעמאָלט פלעג איך קוקען אויף דיר און דיך ניט זעהן...

לעווין.

חנה'קע, געדענקסט, איך פלעג דיר זאָגען: דו זעהסט מיך ניט! פלעגסטו מיך מיעד אַרומנעהמען... ניט מיך — איהם!..

חנה'קע.

איהם!.. זעהסט, איך זאָג דיר אַלץ... היינט האָט

אַ גאַנצען אָבענד אַזוי מאָדנע דאָס האַרץ געצי־
טערט און עס האָט זיך אַלץ געדוכט, אַז אָט פּאַ־
סירט עפּיס, אַז עפּיס־וואָס דאַרף פּלוצלונג פּאַסירען־
געהאַנגען איז עפּיס איבער אונז און, זעהסט, אַזוי
פּלוצלונג אַראָבגעפאַלען. איך האָב ניט געוואוסט
וואָס, גאָר איך בין זיכער געווען, אַז אַן־אומגליק.
און איצט פיהל איך, אַז עס וועט נאָך וואָס זיין,
נאָך וואָס — און וואָס ווייס איך ניט. ליעבער, עפּיס
העֶנגט נאָך איבער אונז...

לעווין.

שוין ניט איבער אונז.

(פּויזע).

חנה׳קע, וועמענס־זשע בּיסטו, זאָג, וועמענס?

חנה׳קע.

ליעבּינקער, קיינעמס ניט, איינע אַליין, גאָר אַנ־
איינזאַמע, גאָר אַנ׳עלענדע, ווי אַ יתומה...

האָסט געהערט, ווי איך האָב אַ געשריי געטאָן,
אַז איך האָב זיך דערוואוסט פון זיין קומען? מיינ־
סטו: דערפרעהט זיך? הערשראָקען? ניין! נאָך דעם
ערשטען האַרץ־געשריי איז שוין פּוסט געווען
אין דער נשמה, ווי אין אַ מדבּר. וויסט — — אויס־
געבּרענט.

לעווין.

איז איהם אויך ניט?

חנה׳קע.

איהם אויך ניט. וויסט... איהם ניט און דיך אויך
פערלאָרען...

ליעבּער, האַרציגער, עס איז דאָך עפּיס יאָ גע־

ווען, איך האָב דאָך דיך ליעב געהאַט. וועניגער. שוואַכער, ווי איך האָב דאָס דיר געזאָגט און ווי איך האָב אַליין געמיינט. אָבער ס'איז דאָך עפּיס יאָ געווען. און ביסלעכווייז, ביסלעכווייז... היינט איז דאָס אינגאַנצען פערשוואונדען. פערגיעב, אויב די קאָנסט — וויסט אין דער נשמה, קאַלט! — איך האָב דיך ניט ליעב... ניט אַזוי, ווי מען דאַרף, ווי דאָס האַרץ וויל, ניט אזוי, ניט אַזוי...

(פּויזע).

האָב מיך פיינד, שטאַרק, גיפטיג!..

לעווין.

חנה'קע, לאָז צורוה!..

חנה'קע.

איהם האָב איך פיינד געהאַט, נאָך גאָר ניט לאַנג. ווי אַ קנויל איז געלעגען אין האַרצען אַ שׂנאה צו איהם, צום געליעבטען און איינציגען. און איצט — איצט, אַז אָט פאָהרט ער, אַז אָט שטעהט ער אפשר הינטער'ן וואַלד, אַז אָט קומט ער צו מיר, צוריק צו מיר, האָב איך איהם ניט פיינד און ניט ליעב, איז ער מיר ניט נאָהענט און ניט פרעמד — אַזוי... איינער פון פיעלע...

לעווין.

שלעכט, חנה'קע, שלעכט!..

חנה'קע.

פערשטעהסט, אַז ס'איז שלעכט... איינער פון פיעלע...

אַ לאַסט ליגט אויפ'ן זכרון ביי מיר — אַזוי פיעל זענען דאָרטען געבליבען. ליעבער, איך האָב דיך

ניט געגאַרט, ניט געוואָלט נאַרען, נאָר, ניט ווילענ־דיג, גלויב מיר, ניט ווילענדיג, האָב איך דיר ניט אַלץ דערצעהלט, ניט אַזוי דערצעהלט... ניט נור ער, און ניט נור יענער — דער צווייטער.... נאָך, נאָך... צופיעל...

לעווין.

איך הער, איך פערשטעה...

חנה'קע.

און איצט ווייסט, קאַלט און אַזוי איינזאַם... איך קאָן ניט הערען. דאָרטען טאַנצט מען, דאָרטען לאַכט מען, פראַסט און איינפאַך, אַ געזונדטער יום־טוב איז דאָרט — אַ פֿרייע נאַכט מיט גרויסע פייערן. און איך זיץ דאָ און דאָס פייערל רויכערט, אַרום פול רויך, די נשמה אזוי פעררויכערט, אַז עס שטיקט, אַז עס איז ניט צו אָטעמען. און אָט דאָס איז אונזער פרייע נאַכט מיט גרויסע פייערן... ווי האָסטו דער־צעהלט? בנות ישראל פלעגען אַרויסגעהן אין ווייסען — זאָג, אין ווייסען?

לעווין.

יאָ, דעמאָלט — אין ווייסען.

חנה'קע.

א, איהם וועל איך אויך בעגעגענען אין ווייסען. אין אַ לויטער־ווייסען קלייד פון ריינקייט בעגעגען איך איהם היינט, אין אַ מאַרמאָר־ווייסען קלייד... אַ יונגפרוי אין ווייסען געקליידעט, אַ כלה, וואָס וואַרט אויף דער ברכה, אין ווייסען!..

ניט אֶמת, איך האָב נאָך איצט אויף די זעלבע שנאה צו איהם, אַזאַ לאַסטיגע און אַ טעמפע, אַז

עס ווילט זיך די פינגער בייסען. ער איז דער ער־שטער פון פיעלע... איהם האָב איך ליעב גע־האַט...

גערפין מיר אַ מירטען־צווייג... אין אַ ווייסען קלייד מיט אַ מירטען־צווייג געהט איהם אַזוי אַ פּרוי ענט־קעגען...

לעווין.

חנה׳קע, איך בעט דיך, איך וויל דאָס ניט הערען, איך קאָן ניט.

חנה׳קע.

ווייסט און אייגזאַם...

(אַ לענגערע פויזע. טרויעריג איבערגע־בויגען איבער׳ן רויכערדיגען שייטער־הויפען, ווארפט לעווין צוטריקענטע צווייג־לעך אין פייער אריין).

לעווין.

העלף ווארפען, חנה׳קע, זוך טרוקענע צווייגען. זאָל ברענען. זאָל אַ גרויס פייער ברענען!.. אָנגע־וואַקסען איז עפּיס אויף אונז — אַ צרעת — זאָל עס אויסברענען; פייער היילט. פערפּעסטעטע הייזער אויסגעבויט, זאָלען זיי אָבברענען; פייער ריייניגט. און ערשט הערנאָך פון דאָס ניי אָנהויבען, גאָר פון אָנהויב, פון דעם גאָר אַמאָליגען און אפשר דעמאָלט וועלען מיר צוריק קומען צו די בנות־ישראל אין ווייסען. אַזוי ווי איצט קען מען ניט, אַזוי ווי איצט, חנה׳קע, איז אונמעגליך...

העלף ווארפען, חנה׳קע, איך האָב דיך ליעב, גאָר איך זעה דיך ניט מעהר. איך קוק אויף דיר

און זעה דיך ניט. איך וויל דיך ניט זעהן. העלף װאַרפען. זאָל ברענען!..

חנה׳קע.

ליעבער, האַרציגער!..
(לעגגערע פויזע).

לעווין.

(דערהערענדיג די טריט פון דעם סוחר מיט רחל׳ען).

אַלע מאָל אַזוי, אַלע מאָל שטעהט עמיץ הינ־טער מיר און קרימט איבער. מיין פערקרימט עבענ־בילד געהט מיר נאָך... ווייסט, חנה׳קע, מאָדנע אױ־גען האָט ער, דער סוחר: קליינטשינקע, קאַלטע אויגען, ווי ביי אַ מויז.
(ביידע אָב).

רחל׳ע.

איילט זיך ניט; איך האָב פיינד, אַז מען איילט זיך.

דער סוחר.

און איך האָב פיינד, אַז עס געדויערט.

רחל׳ע.

האָט אייך פיינד.

דער סוחר.

אָבער וואָס אַרט אייך. דאָרטען איז דאָך בע־סער, ווי דאָ.

רחל׳ע.

דאָרטען – דאָרטען האָב איך מורא.

דער סוחר.

גאָר ניט געוואוסט, אַז איהר זענט אַזאַ שרע-קענדיגע.

רחל'ע.

אָט זעהט איהר דאָך... זעצט זיך בעסער. זיצט פערברענגט... ווייזט אייערע הענד!

רחל'ע.

דער סוחר.

וואָס ווילט איהר פון מיינע הענד. מאַנסבילשע געזונדטע הענד, און מעהר גאָר ניט.

אָבער הענד!..

דערצעהלט עפּיס, איך בעט אייך. דערצעהלט, צום ביישפּיעל, ווי עס האָט אייך אַ פרוי דאָס ער-שטע מאָל ליעב געהאַט. איהר געדענקט נאָך, ווער עס האָט אייך דאָס ערשטע מאָל ליעב געהאַט?

דער סוחר.

איך געדענק גאָרנישט. איך האָב ניט קיין זכּרון. אַז איך האָב זיך געלערענט אין חדר, פלעגט מען מיך רופען „קעצישער מח". אָבער וואָס איך דאַרף, געדענק איך.

רחל'ע.

געדענקט איהר ניט?

דער סוחר.

וואָס?

רחל'ע.

די ערשטע פרוי, וואָס האָט אייך ליעב גע-האַט?

דער סוחר.

וואָס האָט מיך ליעב געהאַט? — ניין, קיינער האָט מיך גאָר ניט ליעב געהאַט.

רחל׳ע.

טאָ ווי זשע?

דער סוחר.

וואָס הייסט, ווי זשע? סתּם אַזוי... וואָס דאַרף מען דאָ ליעבע... וואָס קאָן איך העלפען, צום ביי־שפּיעל, אַז איהר האָט מיך ניט ליעב.

רחל׳ע.

וואָס איז — איהר ווילט?

דער סוחר.

לאָמיר זאָגען: יאָ. פאַר וואָס טאַקי ניט?

רחל׳ע.

ווילט איהר, הייסט דאָס, אַז איך זאָל אייך ליעב האָבען, אַז איך זאָל אייך.. (לאַכט)... אין אַ חופּה־קלייד — אין אַ חופּה־קלייד...

דער סוחר.

וואָס לאַכט איהר אַזוי!

רחל׳ע.

גאָרנישט, סתּם אַזוי... איך בין שוין אַ כּלה; פערשטעהט איהר שוין.

דער סוחר.

יאָ, אַ כּלה אָהן אַ חתן.

רחל'ע.

אָט, ניין, דוקא ניט, דוקא מיט אַ חתן, מיט א יונגען חתן, מיט אַ יונג־שעֶנעם חתן...

דער סוחר.

...וואָס וויל ניט די כלה.

רחל'ע.

פון וואַנען ווייסט איהר דאָס?

דער סוחר.

איך פּרוב טרעפען. געטראָפען?

רחל'ע.

געטראָפען. דער וויל ניט די כלה. מיך וויל ניט דער חתן. אַ שטילינקע וויל ער ניט, אַ שטילינקע געפעלט איהם ניט. מעהר בין איך קיין שטילינקע ניט...

(פּויזע).

אָי ראַנאָ נאַ יאַנאַ,
פּאָשלאַ ציכאָניאַ נאַ קירמאַש...

איהר ווייסט די מעשה, וואָס מען זינגט דאָ? איהר ווייסט ניט? אָט הערט: געווען אַ שטילינקע, אַ שטילינקע מיידעל געווען. געוואַרט האָט זי לאַנג און ניט דערוואַרט זיך. איז געקומען די נאַכט, די יאָהאַניס־נאַכט, איז דאָס שטילינקע מיידעל אַוועק. מעהר ניט געוואָלט קיין שטילינקע זיין, מעהר ניט געוואָלט שוין וואַרטען אויף איהם. אַוועק און אַזיעק... דאָרטען, זאָגט איהר, איז בעסער, ווי דאָ?... אָט אַהין איז דאָס שטילינקע אַוועק... און צוריק איז שוין אַנ'אַנדערע געקומען. האָט זיך די מאַמע דער־

וואוסט... פערבאָטען האָט די מאַמע אַמאָל... וויל איך ניט, דאַרף מען ניט...

הער סותר.

ע... איהר רעדט דאָך גאָר פון וועג...

רחל׳ע.

געדמט מיך אַרום — מיט איין האַנד — ניין, איהר מעגט מיט ביידע, נאָר שטאַרקער, שטאַרקער...
(ביידע אָב).

ערשטער אַרבייטער.

און אַז מען שלאָפט ניט, איז וואָס?

צווייטער.

יאָ און דערנאָך אַ טאָג אין דרייען!

ערשטער.

טאָ געה חראָפע. איך געה ניט. אויסגעשלאָפען זיך פאַר׳ן טאָג: די לענג ווי דער גלות דער שבת.

צווייטער.

דו האָסט געשלאָפען; איך ניט.

ערשטער.

אַלץ קרייזלעך.

צווייטער.

אוודאי.

ערשטער.

אַ לאָז צורוה... מיט אינטעליגענטען.

צווייטער.

וואָס האָט דאָס צו דיר?

ערשטער.

אַזוי זיך. מען טאָר דאָס ניט פֿרעגען, אַפּנים.

צווייטער.

אוודאי ניט.

ערשטער.

אַזוי?! מיט׳ן אינזשענער אָפשר.

צווייטער.

ביזט אַ נאר! געפונען אַן׳אינטעליגענט פאַר דער אָרגאַניזאַציע.

ערשטער.

ווייס איך זעהר. רעדען רעדט ער. ער שטעהט אַזוי אַמאָל און רעדט: יודישע אַרבייטער דאַרפֿען. וואָס — האָב איך טאַקי ניט פֿערשטאַנען. נאָר דער יונגער בעל־הבית האָט מסכים געווען. וואָס, דער יונגער בעל־הבית איז אויך אַ סאָציאַליסט? דו דאַרפֿסט דאָך דאָס וויסען.

צווייטער.

זיי ניט קיין ליץ.

ערשטער.

אַזוי?! און דאָס פֿריילין. וואָס וויל איך דיר זאָגען, ברודער, — אַ סחורה. אַמאָל, הער איך, געהט זי מיט׳ן אינזשענער און הערצעהלט, אַז זי האָט האָלט... אַז זי האָט ליעב דעם ריח פֿון אַ געזונדטען מענער־שוויים! (לאַכט). וואָס, דאָס איז אויך אויס ליעבע צום אַרבייטער־קלאַס?

צווייטער.

פֿע, מיאוס. ביזט געוואָרען אַ גאָר־נישט.

(פויזע).

ערשטער.

אַ — נאַכט... ווייסט אַ מעשׂה. די קלענערע, די פּלימיעניצע דעם בעל-הבית׳ס, וויל זיך שמד׳ן.

צווייטער.

פון וואַנען ווייסטו דאָס?

ערשטער.

וואָס אַרט דיר, איך ווייס...

צווייטער.

אַי, דו באָלבעסט!..

(ביידע אָב).

סימא.

אַמאָל וואַקסט אָן אַזאַ כעס, אויף זיך, אויף אַנדערע, אויפ׳ן דור, אויב איהרווילט... אַז עס פאַלט פון די הענד. אַז אַרום און אַרום ברענט, אַז מיט אַמאָל פאַלען אָן מחבלים און אין איין נאַכט ווערט צושטערט אַנ׳אַרבייט פון טויזענדער הענד, בנינים פון צעהנדליגע יאָהרען...

קיינמאָל האָבען יודען אַזוי ניט געהאַוועט, ווי איצט, אַזוי פיעל ניט געאַרבייט, ווי איצט און דאָך בלייבט גאָר ניט. בויט אויס אַ יוד אַ בנין, ליגט דאָס איהם ווי אַ לאַסט, פון וועלכען מען זוכט פּטור צו ווערען, צושטערט ער איהם, פערברענט ער איהם. עס געהט שוין דער וויפיעלטער דור, וואָס פערשטעהט ניט, וואָס איז דאָס אַ בנין, וואָס דאָס איז שאַפען. און אֶפשר הערפאַר האָבען דאָס אַלע אַ שליטה אַזאַ אויף אונז און אונזער אַרבייט. אין עס איז דאָס אַזוי אונגעלומפּערט און ווילד אונזער לעבען. אַז עס ברענט כסדר!..

לעווין.

מיר דוכט זיך, אַז איצט דאַרף ברענען.

סימא.

עס דאַרף ברענען? כּדי אויסצוריייניגען? כּדי גאָר צום סאַמע אָנהויב צו קומען?

אֶפשר, אֶפשר. ווייל אַזוי ווי עס איז איצט, איז אונמעגליך, ווייל אַזוי קאָן מען שוין בשום אופן ניט. אַ פאָלק קאָן אַזוי ניט לעבען, ווי מיר לעבען.

בויען מוז אַ פאָלק, און לאָזט מען איהם ניט, דאַרף עס זיך מיט פערביסענע צײן אײנשפּאַרען, מיט דעם לעצטען כּח פון דעם אַמאָליגען מסירת־נפש, מיט דעם אַלטען מסירת־נפש פון די עשׂרה־הרוגי־מלכות... וואָרום אַז ניט, איז שלעכט, אַז ניט, קומט די לעצטע שעה, דער לעצטער יוד...

לעווין.

זאָל ברענען. זאָל דער לעצטער יוד זיין אַרבייט טאָן. נאָך איהם אָבער וועט קומען דער נייער יוד, דער אַמאָליגער, דער שפּאַנישער יוד, למשל, וואָס האָט מלוכות געבויט... איך האָב קיינמאָל אַזוי נאָהענט ניט געהערט די טריט פון דעם נייעם יודען, ווי היינט.

סימא.

איך ווייס אויך, אַז ער קומט, נאָר גראַדע היינט האָב איך זיינע טריט פערלאָרען... היינט איז אַ מאָדנע נאַכט, אַ ווילדע נאַכט איז היינט.

לעווין.

אמת, היינט איז אַ ווילדע נאַכט, אַ מאָדנע נאַכט.

סימא.

פון וואַנען ווייסט איהר?

לעווין.

וואָס הייסט, פון וואַנען וויס איך?

סימא.

איהר זאָגט... פון וואַנען ווייסט איהר דאָס היינט בעסער, ווי אַלעמאָל.

לעווין.

פאַר וואָס היינט מעהר, ווי אַלעמאָל?.. געזעהען, ווי פערגליווערטע נשמות יודישע הויבען זיך אָן צו צאַפּלען, ווי נייע וועהטאָגען הויבט מען אָן צו פיהלען. מונטערט דאָס, לעבט עס אויף. עס איז מערקווירדיג, ווי יודען האָבען אינגאַנצען פערגעסען, אַז אַמאָל פלעגען מיר ברענגען קרבנות, כדי זינד צו פערגעבען. קיין פאָלק האָט דאָס ניט פערגעסען, מיר האָבען פערגעסען דעם זין פון זינד און דעם זין פון ריינקייט. צווישען ווייסען טויב, וואָס יודישע פרויען פלעגען אַמאָל ברענגען אין בית־המקדש, און צווישען דער מקוה — ליגט אַ חורבן אַ גאַנצער. חרוב געוואָרען דאָס געפיהל פון זינד, און געבליבען נור דאָס טרוקענע „מען טאָר ניט“. איין מאָל אין יאָהר, אין דעם גרעסטען יודישען טאָג, דערמאָהנט זיך דאָס דער יוד און פערגעסט ווידער. און יעדער דור פערמאָגט עטליכע איינציגע, פערטרויערטע, טיעף אין עצבות פערזונקענע, אָדער שוין אויפגעמונטערטע, שוין ערלויכטענע, וואָס פיהלען, וואָס ווייסען, זענען זיי אָבער איינצעלנע און צעוואָרפענע און דעם גרויסען כח, דעם גאונישען כח אַ פאָלק צו פיהרען האָבען זיי ניט...

סימא.

נו!..

לעווין.

זאָג איך אייך, אַז עס וואַקסט אויף אַ נייער דור אַזאַ, וואָס דערפֿיהלט דעם פּיין פֿון קרבן־חטאת, דעם צער פֿון זינד, אויף וועלכע עס העלפט קיין חרטה ניט, דעם אַלטען צער פֿון זינד.

סימא.

אָבער היינט, וואָס איז היינט געשעהען... פֿאַר אַ זינד?

לעווין.

היינט האָט קיין שום זינד ניט געשעהען. היינט געשיעהט חרטה...

סימא.

(דייטליך).

וואָס? ווער?

לעווין.

איהר ווילט דאָס ניט אַנדערש וויסען?

סימא.

אָ!.. רעדט נישט מעהר. מיר דאַרפֿט איהר אַזוינע זאַכען ניט דערצעהלען, איהר פֿערשטעהט, מיר – ניט, מיר – ניט... ווייל איך מוז העלפֿען און קאָן ניט. איז גענוג! טאָ רעדט ניט מעהר!

לעווין.

און איך זאָג אייך, אַז איך מעג, איך – מעג.

סימא.

איהר טאָרט ניט. איהר אויך ניט. וועגען אַ שוועסטער שווייגט מען!

לעווין.

אָבער שוין צושיידט, היינט צושיידט.

סימא.

אָ!

לעווין.

און איהר האָט נאָך אַ טעות. מיט דעם, וואָס קומט — אויך צושיידט, נאָך איידער ער קומט, זיך צושיידט.

סימא.

אויך צושטערט — אין איין נאַכט...

לעווין.

(בעדויערענד).

דערפיהלט דעם אַלטען צער פון זינד.

(לענגערע פויזע).

סימא.

דאַרף ברענען, זאָגט איהר?

לעווין.

זאָל ברענען! כדי צום סאַמע אָנהויב צוקומען, צום ווייסען טויב צוריק...

סימא.

צום פיין פון קרבן־חטאת?

(פון רעכטס קומען אָן: רחל'ע און דער סוחר).

רחל׳ע.

אַ, סימא: אַ שיִנע נאַכט.

(צום סוחר).

ניט אמת, פײערמאַן — אַזױ רופט מען אײך?—

(צום אינזשענער).

װאָס קוקט איהר אַזױ פערװאונדערט?

לעװין.

ניט פערװאונדערט, רחל׳ע; אַזױ טרױעריג, אַ ביסעל.

רחל׳ע.

דאַרף מען ניט זײן טרױעריג. אָט איז אַ פרעהליכער פײערמאַן. אמת צי ניט? װאָס שװײגט איהר? איהר האָט מורא פאַר איהם? סימא, פאַר דיר האָט ער מורא (לאַכט) סימא, זאָג איהם, סימא, אַז ער האָט ניט, װאָס מורא צו האָבען. ער איז אַ לײט; זעהט, ס׳אַראַ הענד ער האָט!

סוחר.

פרײלין, איך בעט אײך.

רחל׳ע.

זעהסט, װי העפליך ער איז. לערן זיך, סימא: פרעהליך און העפליך. און דו ביסט פערזאומערט, פער׳דאגה׳ט און ניט אױפמערקזאַם צו פרױען. פרױען אַלײן קומען צו דיר, בעטען זיך... פײערמאַן, אַז צו אײך װאָלט געקומען — כאַ — כאַ — כאַ — אַז צו אײך װאָלט געקומען אַ יונגפרױ—כאַ—כאַ—כאַ—

סימא.

רחל׳ע, דײן טאַטע געהט.

רחל׳ע.

אַ, דער טאַטע!

(פּויזע).

שלום.

אַי, אַ נאַכט. ס׳איז דאָך ניט שייך, אַ מחיה. שוין אַ צייט אַזאַ פּאָגאָדע ניט געווען... המ... אַזאַ נאַכט און דער עולם איז עפּיס — המ... פּע, מיאוס, קינדער, דאָס איז שוין גאָר קיין דרך ניט. עצבות, איז דאָך ניט שייך, עצבות איז, ניט פאַר קיינעם געדאַכט, אַ מחלה, בפועל ממש, אַ מחלה.

(פּויזע).

ע, גיטאָ אַמאָליגע יאָהרען. אַז דיין טאַטע, שימע, האָט חתונה געהאַט מיט דער מאַמען, מיט מיין שוועסטער, הייסט דאָס, בין איך שוין געווען אַ יוד אַ בעל־הבית, אַ סוחר... וואַרט, וואַרט, שימע, נאָך וואָס בין איך דאָס געקומען?.. יאָ, אַיך, פּאַניע, אַיך, רופט דער בעל־הבית, אָבער טאַקי שוין, אָבער תיכף...

(דער סוחר, נאָך איהם סימא־אָב)

שלום.

יאָ, פעהלט גרן. און דאַרפט איהר וויסען זיין, אַז ברידער און שוועסטער זענען מיר פון איין מאַמען און ניט פון איין טאַטען. האָב איך פון מיין טאַטען געהאַט אַ נחלה, וואָס האָט בעטראָפען אין יענע צייטען פינף־טויזענד רובל. היינטיגע צייטען, איז דאָך ניט שייך, וואָלט דאָס ווערט געווען, איך וועל אייך ניט זאָגען קיין גוזמא, צוואַנציג־טויזענד. פעהלט גרן. און גרן מיט הוצאות החתונה, און דאָס און יענץ און די געשעפטען ביין שטיף־פּאָ־

מער ע"ה געהען אויף מיט'ן פוטער אראב און נאך
מעשיות און נאך. אקיצור הדבר, קום איך צו דער
מאמען און זאג...

לעווין.

נעהמט ניט פאר אומגוט, איך מוז אוועקגעהן.

(אב).

שלום.

נו, נו, גערעכט. א גוטע נאכט, א גוטע נאכט...
מילא בכן, וואו האלט איך? הערסטו, רחל'ע.
קום איך צו דער מאמען ע"ה און זאג: (מיט
א נגון) מאמע, מאמע, נעהם צו די נחלה!...
רחל'ע, רחל'ע, קינד מיינס, יתומה'לע, קליינינטש-
קע יתומה'לע...

רחל'ע.

(צעוויינט זיך).

טאטע, טאטע, ראטעווע!...

פארהאנג.

# דריטער אקט.

דאָס זעלבּע אָרט, וואָס אין ערשטען אַקט. די זעלבּע נאַכט. עס איז קענטיג, אַז עס איז שוין שפּעט.

ס י מ א.

אמת...

ש ל מ ה.

ניט געווען אַזוינע מעשיות מיט פערציג יאָהר צוריק. ווי קומט? מען וואָלט אַפילו ניט געגלויבט, אַז מען זאָל דערצעהלען. אַ קליינינקייט דאָס איז — „פריצות". אויסגעטאָן זיך פון אַלץ, בפועל ממש, פון אַלץ. הפקר!...

ס י מ א.

אמת, אָבער ביי דיר איז אויך—הפקר. דיין שליח, אָט דער... סוחר, וואָס טוט ער דאָרטען איצט? וואָס וועט דאָ באַלד זיין אַרום?... ס'איז מיר שווער דיר דאָס צו זאָגען, ביסט מיין פאָטער, נאָר איך מוז דיר זאָגען: אין דעם הפקר, וואָס האָט אַלץ צו־שטערט, האָסטו דעם גרעסטען חלק. אָט דו ווילסט דאָס, אַז דאָרט זאָל איצט אומקריכען דער מחבל און זיך גרייטען קאַלבלוטיג, אויסגערעכענט בנינים צו פער'שרפה'ן. אַפילו אין דער „פריצות", וואָס דו שרייסט אַזוי, האָסטו אויך אַ חלק.

ש ל מ ה.

איך? איך בין דאָס דאָ אַ פנים דער בעל־הבית

געווען. ווער האָט דאָס אַלץ אײַנגעפֿירט אויב ניט דו? ווער שלעפּט זיך אום גאַנצע נעכט? ניט דו אַ פּנים מיט זײַ צוזאַמען. בײַ מיר, אַז איך וואָלט דאָ געווען בעל־הבית, וואָלט אַ פּנים אַראָפּגעקומען מיט אַ מאָל, ווײס איך ווער, וואָס מען קאָן איהם ניט. און מען ווײס איהם ניט... אַ טעלעגראַמע: איך קום. צו וועמען? צו אַ מײדעל, וואָס דאַרף שטעהן אין שידוכים... בין איך דאָס שולדיג? ווער האָט דאָס אַלץ אײַנגעפֿיהרט?

ס י מ א.

איך אויך. גאָר זעה. מיט פֿיערציג יאָהר צוריק זענען יודען געזעסען שטיל, אײַנגעשלאָסען, געווען דאָס לעבען צוטײלט אויף חיי־שעה און חיי־עולם. האָבען יודען ניט פֿערשטאַנען, אַז דאָס חיי־שעה בעדאַרף אויך געבויט ווערען. דערפֿאַר האָבען זײ אָבער בתי־מדרשים געבויט, דערפֿאַר אָבער האָט זײער חיי־עולם גאָר אַנ׳אַנדער זין געהאַט. דײַן טאַטע פֿלעגט אויפֿשטעהן צו חצות? אַנ׳אַלטער אַ גראָהער יוד שטעהט אויף האַלבע נאַכט. אַ וועלט שלאָפֿט, אַ וועלט זינדיגט, עס העַנגט די נאַכט־ווינד איבער דער ערד און דײַן גראָהער טאַטע זיצט, דאָס לעמפּעל צאַנקט, די שטוב שווײַגט און הערט: אם אשכחך, ירושלים... טאַטע, דו שטעהסט אויף צו חצות?

ש ל מ ה.

סטײטש, דו... דו...

ס י מ א.

יאָ, איך שטער דיר, אויב ניט איך—איז אַנדערע. די געבילדעטע קרובים. אָבער איך פֿרעג דיר: ווער האָט מיך אין גימנאַזיע געשיקט? דו האָסט גע־

וואוסט, אַז מען שרייבט אום שבת אין גימנאַזיע, האָסט געוואוסט, אַז איך וועל, ווי אַנדערע, פֿאַר־וואַרפֿען דאָס יודישקייט, האָסטו אָבער געהאַלטן אַ תּכלית פֿאַר׳ן זוהן... אַ תּכלית — איז שוין רעכט. מעג מען...

שלמה.

אָבער דו דאַוונסט דאָך אַפֿילו ניט!...

סימא.

אַוודאי, פֿון ביידע זייטען האָבען ביידע דורות געזעהן מיט אַלע מעגליכקייטען צו צושטערען אַלץ, וואָס עס איז נור געבליבען פֿון אַמאָל, פֿון פֿאַר פֿיערציג־יאָהרען. ווי אַ היץ־קרענק איז אָנגעפֿאַלען אויף אַלעמען און ווי אין היץ האָבען אַלע פֿיעבער־האַפֿט געאײַלט צו צושטערען אַלע אַלטע פֿאָרמען פֿון אונזער לעבען און קיין נייע ניט געשאַפֿען, צעבראָכען אַלע אַמאָליגע בנינים, וואָס די זיידעס און די עלטער־עלטער־זיידעס האָבען געבויט און קיין נייע ניט געשאַפֿען.

שלמה.

אָבער דו?...

סימא.

אַלע, איך אויך. אָבער איך—מיר וויפֿיעל זענען וויים איך ניט: איינציגע, צעהנדליגער און אפֿשר טויזענדער—איך און מיין דור ווילען מיר אָבער אָב־בויען, נייע פֿאָרמען שאַפֿען, די ירושה פֿון די עלטער־זיידעס ראַטעווען, אויפֿקלייבען די אַלטע ירושה פֿון דעם אַמאָליגען חיי־עולם און נעהמען בויען דאָס חיי־שעה. יעדען טפּה פֿון דער ערד, יעדען ציגעל

פֿון מײער קומט אונז אױס מיט די לעצטע כּחות צו נעהמען, פֿערשטשעמען די צײהן מיט פֿײנליכען װעהטאָג און בײקומען — אַז אַלץ איז געגען אונז, אַז אַלץ האַלט מלחמה מיט אונז. און אַז עס איז שױן דאָ עפּיס, אַז עס בױט זיך שױן, אַז עס שטעהען גערטנער געפּלאַנצטע, פֿינפשטאָקיגע בנינים געבױ־טע, אַז עס װערען שױן ניט חרוב קײן װעלדער — מען האַקט ניט! — אַז עס ליגען ניט קײן פֿעל־דער פֿערלאָזען, קומסטו, למשל, קומסטו... הפקר, שרײסטו, הפקר! װער האָט אין דעם הפקר דעם גרעסטען חלק?

שלמה.

סימע, ס'איז אַ העזה.

סימא.

פֿאָטער, צום ײדען צוריק, צום עלטער־זײדען!

מײנסט, איך זאָג, אַז איך בין גוט... דער אמת'ער יוד שטעהט נאָך הינטער אונז, ער דאַרף נאָך אָנ־קומען, נאָר איך, מיר, מאַכען מיר אַ װעג פֿאַר איהם, אַ װאַרע — פֿאַר'ן צוקונפֿטיגען יודען...

פֿאָטער, דאָס לעצטע מאָל: האָב חרטה, פֿאָ־טער, לאָז, לאָז, געה איך שױן און װאַרף איהם פֿון אױבען פֿון די טרעפּ אַראָב. לאָז, שיק איך אַ רײטער ענטקעגען און זאָג אָן דעם, װאָס קומט, אַז דאָ איז מעהר קײן אָרט ניטאָ פֿאַר איהם, אַז ער זאָל ניט קומען. לאָז, פֿאַל איך דער שװעס־טער צו די קניה און בעט... לאָז!..

שלמה.

יום פּנה כּצל תּומר...

סימא.

פּאָטער, דאָס לעצטע מאָל; ס'איז נאָך ניט שפּעט.

שלמה.

אמר שומר, אתא בוקר...

סימא.

ענטפערסט ניט? טאָ זאָל ברענען. נאָר איך וועל, פּאָטער, אָבבויען ביז'ן לעצטען הויז, ביז'ן לעצטען טפח. אַלץ פון דאָס ניי, אַלץ פון דאָס ניי. אַנדערש און בעסער וועל איך אָבבויען און קיין האַנד וועט שוין ניט וואַגען זיך אויף יענע בנינים צו הייבען.

שלמה.

(מורמלענדיג זיין זמירות, געהט אויף לינקס).

סימא.

פּאָטער, ברענט עס? יאָ? ענטפערסט ניט? טאָ זאָל ברענען, זאָל ברענען!...

שלמה.

(אָב).

חנה'קע.

(האַסטיג פון לינקס אָנקומענדיג).

וואו איז מיין ווייסע קלייד, וואו איז מיין ווייסע קלייד.

(קלינגט; עס קומט אָן דאָס דינסטמיידעל).

געפינט מיר גיכער מיין ווייסע קלייד, גיכער...

(בעמערקענדיג).

אָ, סימע! ווי שפּעט איז דאָס? מען קומט באַלד פון באַהן?

סימא.

באַלד.

חנה׳קע.

פערשטעהסט, אין ווייסען בעדאַרף איך זיין אָנגעטאָן. מיט אַ מירטען־צווייג. אַ טייערער גאַסט קומט צו מיר. אַזוי לאַנג געוואַרט אויף איהם... טאָ זאָל ער זעהן: אין אַ ווייסען קלייד מיט אַ מירטען־צווייג...

וואָס שווייגסטו?

סימא.

שלעכט, חנה׳קע, שלעכט.

חנה׳קע.

שלעכט? שלעכט מיט אַ מירטען־צווייג? ווילסט עפּיס ווישען, סימא?

סימא.

וואָס?

חנה׳קע.

וואָס דו דאַרפסט ווישען, וואָס איך ווייס און דאַרף דיר אויסזאָגען. אָפשר דאַרף איך ניט, נאָר איך וויל. היינט וויל איך דאָס דיר אויסזאָגען, דיר זאָל וועה טאָן, דיר זאָל דאָס האַרץ מיט בלוט פערלויפען. היינט וויל איך, אַלעמען זאָל וועה טאָן, מען זאָל מיט די ציינער קריצען פון וועהטאָג. ווילסט ווישען?

סימא.

חנה׳קע!

ח נ ה ׳ ק ע.

אָט הער. מיין פֿריינדין זיענע, סימא, וואָס איז דאָ געווען, אויף וועלכע דו וואַרטסט, וועלכע דו האָסט ליעב — מיין פֿריינדין — נו, סימא, ווילסט ווי־סען?

ס י מ א.

חנה׳קע, וואָס!

ח נ ה ׳ ק ע.

מיין פֿריינדין, סימא, איז — אַזאַ ווי איך!.

ס י מ א.

אַ!

ח נ ה ׳ ק ע.

און אָפּשר נאָך ערגער... טוט וועה? שטאַרק? טוט וועה דערפֿון, וואָס אַ כּלה איז אויף דער אײ־גענער שוועסטער עהנליך? וועט אָבער דיין שוועסטער זיין היינט אין אַ ווייסען קלייד מיט אַ מירטען־צווייג.

(נ אָ ך ד ע ר ד י נ ס ט).

גיכער, גיכער אַמאָל!.. סימא, קריץ מיט די ציין, סימא!

(אָב).

ר ח ל ׳ ע.

(ק ו מ ט אָ ן נ אָ ך אַ ל ע נ ג ע ר ע פ ּ ו י ז ע).

פּרישלאַ ציכּאָניאַ דאָ דאָמו,
סטאַלאַ מאַצי קאַראַצי:
ליובּאָ טי ציכּאָניאַ אוטאָפּיסיאַ...

ס י מ א.

רחל׳ע, איך ווייס שוין!

ר ח ל ׳ע.

וואָס?

ס י מ א.

ווי האָסטו געזאָגט: איך האָב מורא צו וויסען, דער וויפּיעלטער בין איך ביי איהר?.. ווייס איך שוין.

ר ח ל ׳ע.

נו, דער וויפּיעלטער?

ס י מ א.

רחל׳ע, רייץ ניט!..

ר ח ל ׳ע.

איך? איך רייץ ניט. ווידער אַ שטילינקע ווער איך, גאָר אַ שטילינקע.

גוט, וואָס עס וועט אָבברענען. היינט האָט זיך אַליץ געענדיגט. צינדט מען פייערען צוליעב אַזא יום-טוב פון אַליץ פערענדיגען.

מעהר זעהען מיר זיך ניט, סימא. ווייט וועל איך פון אייך אַוועק. מיעד בין איך, אָברוהען וויל איך. ליגען שטיל, שטיל; און אַ מוטער-האַנד זאָל מיך איינוויגען.

ניטאָ קיין מוטער, סימא!.. שטראָפען וואָלט מיך אַ מוטער....

סטאַלאַ מאַצי קאַראַצי:

ליובאָ טי ציבאָניאַ אוטאָפּיס׳אַ...

ס י מ א.

רחל׳ע, ווי צופייניגט מיר זענען אַל׳ע.

רחל'ע.

אָט, אַ נאַכט. דאָ און דאָרטען. הערסט, ס'אַראַ רוהיגקייט, ס'אַראַ רוהיגע פרעהליכקייט. די זעלבע נאַכט: דאָ און דאָרטען. דאָ איז אַ קעסעל־גרוב. אַ גיהנום, אַלע צופּייניגטע, אַלע פערהאַוועטע... אומ־רוהען...

איך בין ניט קיין יודיש־קינד. מיך ציהט אַהין... (פּויזע).

קומט די מוטער אין תּכריכים און זאָגט: גע־דענק, מיין קינד, די יאָהרצייט־ליכט... פאַלט אויף מיר אַ טוידטליכער שרעק אַרויף...

סימא, פאַר וואָס געדויערט דאָס, פאַר וואָס צינדט ער שוין ניט?

סימא.

ס'אַ דאגה מיר; מיר אַרט דאָס שוין ניט. היינ־טיגע נאַכט האָט אַליך צושטערט, זאָלען נור כחות בלייבען. אָט איז אָקאָרשט חנה'קע געווען, אויך אַ צופּייניגטע, און געהייסען, איך זאָל מיט די ציין קריצען. קריץ איך, כדי דעם וועדטאָג בייצוקומען. אָט הער איך דיך און פיהל, ווי דאָס האַרץ פער־לויפט מיט בלוט, פערשטשעמע איך ווידער די ציין, כדי איבערצולייִדען. עס דאַרפען די כחות בלייבען. היינטיגע נאַכט האָט אַליך צושטערט און פון מאָר־גען, פון דער ערשטער פרידמאָרגען־שעה אָן בע־דאַרף מען ווידער פון דאָס ניי אָנהויבען, גאָר פון דאָס ניי, גאָר פון דאָס ניי.

געה ניט אַוועק, רחל'ע. איך וויים שוין, איז די שוין פון האַרצען אויסגעריסען, קום איך שוין ניט מעהר צו איהר. איך האָב פריהער אויך געוואוסט,

גאָר ניט אַזוי. איצט ווייס איך דאָס אַנדערש, ערגער. מיינסט, איך האָב זי ניט ליעב? גאָר מעהר וויל איך ניט. ניט בעשערט; ברענט דאָס אויך אָב. אַליץ אין איין פייער. אַלע זענען מיר אין פייער, דאַרף מען זיך ראַטעווען. רחל'ע, געה ניט אַוועק. פאַר די זינד פון אַנדערע דורות ליידען מיר, מיר דאַרפען דאָס די זינד אויסקויפען; דאַרף מען הערצאישע מוטהיגקייט האָבען, פערשטאָלערטע כחות ענטוויקלען און אָבקומען און איבערקומען. מיר וועלען נאָך דאָס נייע לעבען דערזעהן. פייער רייניגט!..

רחל׳ע.

איך וועל אַוועק, סימא. איך וועל שוין ניט דערזעהן. אין איין נאַכט בין איך אַלט געוואָרען, אַזוי אַלט, אַזוי ווי אַ גאַנץ לעבען אָבגעלעבט... סימא, פאַר וואָס האָבען דאָס יודען קיין מאָנאַסטירען ניט? פאַר וואָס האָט דאָס גאָרנישט אַ יודיש-פרוי יואו זיך אַהין צוטאָן פון איהר צער. אָט איז פול מיט פיין מיין האַרץ, אָט שטיקען טרעהרען דעם האַלז — אַזוי פוסט, אַזאַ זינד ליגט אויפ'ן געוויסען, די טרויער מאַכט מיעד, און ס'איז ניטאָ וואוהין, ניטא וואוהין...

סימא.

(הערט כמעט ניט; זוכט אויס אין אַלע קעשענעס געעפענטע בריעף און ברענט זיי).

רחל׳ע.

סימא, ליבינקער, פאַר וואָס בלייבט דאָס נור איין וועג פאַר מיר.... ווי זאָגסטו? פייער רייניגט?

סימא.

פייער היילט, פייער רייניגט.

רחל׳ע.

וואָס ברענסטו דאָס?

סימא.

גאָרנישט, רחל׳ע, — יוגענד.

רחל׳ע.

אַ! אַלץ אין פייער, אַלע זענען מיר אין פייער.
(לאַכט שטיל). האָסט מיך שוין אפשר ליעב,
סימא?

סימא.

רחל׳ע!

רחל׳ע.

איך לאַך דאָך דאָס; איך פרעג דאָך דאָס אַזוי זיך.
איך גיה דאָך אַוועק, פרעג איך דאָס; דאָס געזעגען איך זיך. די מיינסטו, סימא, וועסטו נאָך דערזעהן דאָס נייע לעבען — דאָס נייע, דאָס העלע און פאַרביגע לעבען? וועסטו דערזעהען, טאָ דערמאָהן מיך דעמאָלט. דערמאָהן, אַז איך האָב אויך אַ חלק אין יענעם לעבען, אַ גרויסען חלק, אַז איך האָב אויך צוזאַמען מיט אַלעמען אויסגעקויפט די זינד פון די דורות און געליטען פאַר זיי, שטאַרק געליטען, סימא, זעהר שטאַרק געליטען, אַז אין פייער, וואָס האָט געריינינגט, האָב איך געברענט... פערגעס ניט, סימא.
(אָב).

סימא.

(בלייבט זיצען אין טיר פון דער וועראַנדע).
שרה און חנה׳קע.
(קומען אָן פון לינקס; חנה׳קע — איבערגעטאָן אין ווייסען).

שרה.

חנה'לע, טאָכטערל. ניט צו דער צייט קומט ער. ווייסט, וואָס דאָ טוט זיך היינט?

חנה'קע.

איך ווייס, איך ווייס... צו דער צייט, מאַמע, צו דער בעסטער צייט. אַזוי לאַנג האָב איך געוואַרט אויף איהם. אַט זעהסט, ווי איך בעגעגען איהם, ווי אַ כלה, ווי אין אַ חופּה־נאַכט, אין ווייסען מיט אַ מירטען־צווייג. ענטקעגען געה איך איהם: אַט וואַרט אַ יונגפרוי אויף דיר...

שרה.

טאָכטערל, וואָס איז דאָס מיט דיר?

חנה'קע.

גאָרנישט, מאַמע, גאָרנישט, זעהסט ניט, אַז עס ציטערט מיין האַרץ פון גליק; זעהסט ניט, ווי גוט מיר איז. עס קומט דער בעשערטער צו מיר...

סימא, וואָס זיצסטו אַזוי? מיט די ציין געקריצט?..

פאַר וואָס געדויערט דאָס, פאַר וואָס קומט ער ניט? פאַר וואָס האָסטו די בעסטע פערד ניט געשיקט?..

שרה.

קינדערלעך. שלעכט, קינדערלעך. עס טוט זיך עפּיס ביי אייך און איך פערשטעה שוין ניט. אַלט איז די מאַמע, פערשטעהט זי ניט. ליבינקע, האַרציגע, איינציגע, וואָס איז דאָס מיט אייך. ברענט היינט און עס טומעלט אַזוי אין איהר זענט אַזוי... טאָכטער'ל, חנה'לע, האָסט איהם ניט ליעב?..

ח נ ה׳ק ע.

איך האָב איהם ליעב, מאַמע; נור איהם האָב
איך ליעב געהאַט, נור איהם...

ש ר ה.

און איצט?

ח נ ה׳ק ע.

צובּרענט, מאַמע, צו אַש געוואָרען.

ש ר ה.

וואָס טוט זיך דאָ היינט, קינדערלעך? צוברענט?
פאַר וואָס דאַרף דאָס אַלץ צוברענט ווערען?

ח נ ה׳ק ע.

מאַמע, איך ווייס אויך ניט פאַר וואָס.

ש ר ה.

שלעכט, קינדערלעך, ניט איך פערשטעה שוין
איך, ניט איך ווייס, ווי מען קאָן אייך העלפען,
ליבינקע... צופייניגטע זענט איהר, זעה איך שוין;
גאָר ווי העלפט מען אייך... ווי העלפט מען אייך...
ווייסט, רחל׳ע, היינט ביי נאַכט, באַלד...

ש ל ו ם.

(קומט אָן האַסטיג פון לינקס).

אַז עס איז אַמהומה, איז דאָך ניט שייך. שלמה לויפט אום, ווי אַ גזלן, און מען קאָן זיך מיט איהם ניט צונויפרעדען. הער סיחר ווערט נעלם מיט אַמאָל און איך הויב ניט אָן צו וויסען, וואָס איך דאַרף מיט איהם מאַרגען טאָן. הער אַזוי, יענער אַזוי — ווי משוגעים. לויפט אַרויס רחל׳ע, און שיט מיר אָן ניין מאָס רעד און איך פערשטעה אַ וואָרט ניט.

די שטילינקע, קאָן קיין צווײ ניט צעהלען, ווײנט
דיך פריהער פונאַנדער און איצט — אַ דרשה!.. טפו,
אויף מײנע שונאים!..
(בעמערקענדיג חנה'קען).
שאַ, יום־טוב! הדסים — הייסט דאָס, סוכּות אויף
דער וועלט, איז דאָך ניט שייך. וואָס קוקט איהר
אַזוי אויף מיר? איך בין דאָס דער משוגענער און
איהר די קלאָרע.
שימע, שימע, — שלאָפסט אָדער וואָס? שימע?

חנה'קע.
(אַרויסגעהענדיג אויף דער וועראַנדע).
אַ־או! אַ־או!

סימא.
וואָס ווילט איהר, פעטער?

שלום.
ברוך מחיה המתים! קוים דערמינטערט. וואָס איז
מאָרגען מיט די פעלדער, זאָג מיר. מען פיהרט,
צי ניט? מען דאַרף דאָך דאָס וויסען — יאָ אָדער
ניט!

סימא.
מאָרגען? די פעלדער? מאָרגען פיהרען פון די
פעלדער? מאָרגען זאָל מען אַ גאַרב ניט ריהרען אויף
די פעלדער. מאָרגען וועט זיין אַנ'אַנדער אַרבייט.

שלום.
וואָס פאַר אַנ'אַרבייט.

סימא.
פעטער, מאָרגען, זאָג איך אייך, וועט זיין אַנ־
אַנדער אַרבייט.

שלום.

רעד ווי אַ מענש.

סימא.

גלויבט מיר, פעטער.

שלום.

צודולט, איז דאָך ניט שייך.

שלמה.

(קומט פון לינקס; פון הער וועראַנדע קומט לעווין).

צוועלף אַזייגער... הם... שימע, דו מאַכסט דאָס קונצען מיט מיר?

סימא.

ניין. מיר אַרט דאָס שוין ניט. דיין דעה.

שלמה.

הם... שלום, געה אַרוים, זיי אַזוי גוט, און קוק גוט אַרום דעם הויף און די פאַבריקען. מען האָט זיך דאָך אַ גאַנצע נאַכט געשפּיעלט מיט פייער.

שלום.

אָבער וואָס איז מאָרגען מיט די פעלדער?

שלמה.

געה, מיר וועלען דערנאָך זעהן וועגען די פעלדער.

שלום.
(אָב).
(פויזע).

ש ל מ ה.

שאַ, וואָס איז דאָס פאַר אַ יום-טוב אין מיטען נאַכט.

(צו לעווין'ען).

ווי מיינט איהר, דאָס איז איצט אַ מאָדע אַזאַ?

לעווין.

איך וויים ניט.

ש ל מ ה.

אַ, דו וואַרסט דאָס אויפ'ן גאַסט דיינעם. מיר האָבען זיך אונזערע געסט און דו האָסט זיך דיינע. דיינע געסט קומען ביי נאַכט. נאַכט-געסט. און וואָס זאָגט איהר דערויף?

ס י מ א.

פאָטער, גענוג!

ש ר ה.

שלמה, איך בעט דיך!

חנה'קע.

לאָז צורוה! מיין גאַסט קומט ביי נאַכט... אַזאַ טאָכטער האָסטו.

פערדריסט דיר, סימע'ן פערדריסט אויך, וואָס ער האָט אַזאַ שוועסטער. ער וויל ניט אַזאַ כלה האָבען, ווי זיין שוועסטער איז. נו, און מיר פערדריסט אויך, אַך, ווי מיר פערדריסט. טאָ לאָזט מיך. לאָזט מיך אַליין פאַר זיך צו ענטפערן. איך לייד פאַר זיך...

פאַר וואָס גערדויערט דאָס, פאַר וואָס קומט ער ניט...

לעווין.

איך וויל אַוועקגעהן, חנה׳קע, אפשר קאָנסטו אָהן מיר?

חנה׳קע.

איך קאָן ניט. ס׳איז אַזוי שווער, ליעבער, אַזוי שווער...

מאַמע, דו פערשטעהסט ניט?

שרה.

ניין, טאָכטער׳ל, איך פערשטעה גאָר ניט?..

חנה׳קע.

איז גוט אַזוי. איז דיר גרינגער, מאַמע. אַך, ווי שווער...

(לעגגערע פויזע).

ווארטען מיר. אַלע ווארטען... טסס... גלעקלעך קלינגען... טסס... מען פאָהרט ניט? טסס...

לעווין.

מען שרייט. הערט, מען שרייט.

(אַלע הערען זיך צו).

שלום.

(האַסטיג פון דער וועראַנדע).

ראַטעוועט! עס ברענט! אַלץ... אַלץ!... אין פייער. אַ, ס׳אַראַ פייער! און רחל׳ע! גיטאָ רחל׳ע!

חנה׳קע.

אַ! זאָל ברענען!.. זאָל ער קומענדיג זעהן, איי־דער ער קומט, זאָל ער זעהן, אַז עס האָט אויס־

געברענט, זאָל ער זעהן, ס'אַרא בראַנד־פֿייער עס
ברענט, זאָל ער זעהן, ס'אַרא חורבן עס ווערט.
זאָל ברענען!..

קולות.

ראַטעוועט! ראַטעוועט! רחל'ע! וואו איז רחל'ע?
ניטאָ רחל'ע!

סימא.

פֿייער רייניגט!..

פֿאָרהאַנג.